№ 12. ...ט טאמפסאן סעטאן.



# ...אם לעבן פון די חיות

.VI

## וואולי

(דער שעפּסנהונט)





איבערזעצט דורך ס. קאנטאר

אַרויסגעגעבן לויט דעם אויפטראג פון דער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע פון פוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד אונטער דער רעדאַקציע פון יעקב פּאַט




ביאַליסטאָק 1920.

# וואולי.

## I.

אויף די בערג אין שאָטלאַנד, הויך אויף טשעוויאָטס איז דער הינטל וואולי געבוירן געוואָרן. פון זייַנע אַלע ברידער און שוועסטער האָט מען איבערגעלאָזן לעבן נאָר איָם מיט זייַנעם א ברודער. דעם ברודער,—ווייל ער איז געווען שטאַרק געראָטן צו דעם בעסטן הונט פון דעם גאַנצן געגנט, איָם אַליין—נאָר צוליב דעם, וואָס ער איז געווען גאָר א קלייַנער, שייַנער, געלער הינטעלע.



וואולי האָט פאַרבראַכט זיין יוגנט, ווי אַן אמתער טשערעדע הונט, אין דער געזעלשאַפט פון א געניטן חבר, וואָס האָט איָם געלערנט, און פון אַן אַלטן פאַסטוך, וועלכער האָט געהאַט אַזוי פיל דערפאַרונג, ווי זיין חבר.

אין קנאַפּע צוויי יאָר האָט זיך וואולי פולקום אַנטוויקלט און האָט געקענט היטן די שאָף ניט ערגער פון דעם אַלטן ראבין זיין באַלעבאָס און לערער.

דער אַלטער ראבין האָט געהאַט צום הונט אַזאַ פולן צוטרוי, אַז ער פלעגט שפּורן גאַנצע נעכט אין שענק, און וואולי האָט בעת־מעשה געהיט איינער אַליין די טשערעדע

שעפסן אויף די בערג. דער אלטער איינגעשפארטער פאסטוך, האט ניט קיקנדיק אויף אלע זיינע חסרונות און שכרות, זייער גוט באהאנדלט זיין הונט. וואילי פלעגט פארגעטערן זיין באלעבאס און פלעגט זיין צו אים אזוי איבערגעגעבן און געטריי, אז דער גאנצער דארף האט מקנא געווען דעם אלטן ראבין.

וואולי האט זיך גארניט געקענט פארשטעלן קיין פול־קומענערע באשעפעניש פון זיין ה א ר, הגם די גייסטיקע און פיזישע כחות פון זיין אפגאט, דעם פאסטוך, זיינען געווען פאר־קויפט פאר פינף שילינג,[1]) וואכענטלאך ביי א קליינעם שאפהענ־דלער, דעם אמתן איינגנטימער פון וואולים טשערעדע.

א מאל האט דער פארמער באפוילן דעם אלטן פאסטוך צו ברענגען די גאנצע טשערעדע אין א מעת־לעת צייט אויף יארקשירער־מארק. נאטירלאך, אז די גאנצע לאסט פון דער רייזע איז געפאלן אויף וואולין. אראפצופירן פון די בערג אראפ דריי הונדערט זעקס און זיבציק נארישע שעפסן אין פולער אר־דנונג, איז דאך עפעס ניט קיין קלייניקייט!



די נסיעה אי־בער נארט־הומבערלענט

[1]) שילינג—50 קאפיקעס.

האָט געוויִרקט אויפן קיִנפטיִקן גורל פון דעם הונט. ביים טייך טײנע האָט מען ארויפגעזעצט די שעפּסן אויף א פּראָם און זיי אריבערגעפירט אין סאוטהילד. אין ש־אָט האָט זיך אָנגעהויבן די טאָג־ארבעט, הויכע פאבריק־קוימענס האבן ארומגעהילט די גאסן מיט א געדיכטן נעפּל, שווערע בלייענע וואָלקנס רויך האָבן פארשטעלט די זון, הייִנגענדיק איבערן שטאָט, ווי שטורעם־וואלקנס.

די שעפּסן האבן זיך דערשראָקן. זיי זיינען זיכער געוועזן אז עס רוקט זיך אָן א ווילדער טשעוויאטער שטורעם. אויף צו־להכעיס זייערע פאסטוכער, זיינען זיי אין גרוים שרעק צולאָפן איבערן שטאָט אין דריי הונדערט זעקס און זיבעציק ריכטונגען.

דאָס איז שוין געווען צופיל פאר ראביִנס שוואכן מח. א צייט האָט ער אנגעקוקט מיט פארשטארטע אויגן די לויפנדיקע שעפּסן, און, פּלוצלונג, באשטראלט פון א גליקלאכן איינפאל, האט ער אויסגערופן:

—„וואולי ברייִנג זיי א הער!"

נאָך אזא געוואלטיקער אנשטריינגונג, האט ער זיך אוועקגעזעצט אויף א שטיין, פארוויכערט זיין ליולקע, שטריקנדיק ווייטער אן האלב אויסגעשטריקטע זאָק.

ראביִנס שטימע איז פאַרן הונט געווען די שטימע פון



גאט אליין. ער האט אנגעהויבן צו לויפן אין 376 פארשיידענע זייטן, ביז עס איז אים געלונגען נאך פיל מי צו ברײנגען אלע פארבלאנד־זשעטע שעפסן אויפן ארט, וואו ס'איז געזעסן דער אלטער פאסטוך, קוקנדיק גלייכגילטיק אויף די באַמיאונגען פון זיין הונט.

סוף־כל־סוף האט וואולי—ניט ראבין—געגעבן דעם צייכן, אז אלע שעפסן זיינען שוין אויפן ארט. דער אלטער פאסטוך, האט אנגעהויבן צו ציילן: 1... 10... 370, 371, 373, 375.

—„וואולי"—האט ער פלוצלונג אויסגעשריען מיט א פאר־וואורף—„עס פעלט דאך איין שעפס!"

אין איין אויגנבליק איז וואולי אוועקגעלאפן, ציטערנדיק פאר גרויס חרפה.

דערווײלע, ווי נאר דער הונט איז פארשוואונדן געוואָרן פון ראבינס אויגן, האט א קליינער אינגל, וואס איז ניט ווייט געשטאנען, באמערקט אז איינגנטלאך זיינען אלע 376 שעפסן אויפן ארט.

דער אלטער האט אנגעהויבן צו ציילן און האט זיך איבערצייגט אז אזוי איז עס טאקע געווען. ראבין איז געווען

אין א גרויסער פַארלעגענהייט. זיין באלעבאָס האָט אים באפוילן צו קומען, ווי אמשנעלסטן, אין יאָרקשיר, פון דער אנ־דער זייט אָבער, האָט ער געוואוסט אז וואולי וועט זיך ניט אומקערן אָן א שעפּס, אפילו ווען אים זאָל אויסקומען צו גנבענען א פרעמדער. דאָס האָט שוין ניט איינמאָל געטראָפן און געפירט צו זייער ניט אנגענעמע פאָלגן.

דער אלטער האָט זיך ניט לאנג מישב געווען, די וואָכנט־לאכע פינף שילינג זיינען געווען איינגעשטעלט. וואולי איז טאקע געווען א גוטער און געטרייער הונט, א שאָד אים צו פארלירן, אָבער וואָס וועט זיין אויב ער וועט גנבענען א שעפּס, כדי אויס־צוגלייכן די צאָל? ענדלאך, האָט ער באַשלאָסן ניט צו וואַרטן און איז אוועק מיט זיינע שעפּסן. ווי ער האָט זיך אליין אן עצה געגעבן מיט אזא גרויסער טשערעדע, איז אונז אומבאוואוסט און, דעם אמת זאָגנדיק, גייט עס אונז קנאַפּ אָן.

דערווייל האָט וואולי דורכגעשניטן די גאנצע שטאָט א פּאָר מאָל אין איר לאַנג און ברייט, זוכנדיק דעם פארלאָרענעם שעפּס. א גאַנצן טאָג און א גאנצע נאכט האָט ער געזוכט, ביז ענדלאך, הונגעריק און מיד, מיט אן איינגעצויגענעם עק, איז ער געקומען צום גאסט הויז, וואו ער האָט איבערגעלאָזן זיין באלע־באָס מיט די שעפּסן. ווי גרויס איז אבער זיין צער געווען, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אז זיין האר איז שוין אוועק. ס׳איז

געװען אויף אן אמת א רחמנות צוצוזעהן די פֿארצװייפֿלונג און טרויער פֿון אָרימען הונט. מיט אן ארויסגעשטעקטן צונג, בילנדיק און װאָיענדיק, איז ער געלאָפֿן ארום און ארום, זוכנדיק אומעטום ראָבינס שפּורן. ער איז אװעקגעלאָפֿן צום ברעג, איז ארויפֿגע־שפּרונגען אויף א פֿעלז, אריבערגעשװאומען אויף דער צװייטער זייט טייך און אויך דאָרט ארומגעזוכט די גאַנצע געגנט. שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט אין א טהילט, און האָט א גאַנצע נאַכט ארומגעזוכט זיין אָפּגאַט.

אויפֿן צװייטן טאָג האָט ער נאָך אלײן געזוכט. ער האָט באטראַכט און ארומגעשמעקט יעדערן, װאָס פֿלעגט קומען פֿון ברעג טייכל, האָט אומגעזוכט זיין דאר אין אלע ארומיקע גאסטהייזער און שענקן—אלץ איז געװען אומזיסט. ענדלאך איז ער אװעק דעם צװייטן טאָג אויפֿן ברעג און דא האָט ער אָנ־געהויבן כסדר צו באשמעקן יעדערן, װאָס פֿלעגט ארײַנשטייגן



פון שיף.

דער פאראם פלעגט אריבערשווימען דעם טייך א מאל פופציק א טאג און ביי יעדן מאל אריבערפירן דורכשניטלאך הונדערט פערזאן. וואולי האט ארומגעשמעקט טעגלאך ביי א צען טויזנט פיס, אויף אזא איפן האט ער געוואלט דערשנאפן צו איינע פון די פיס דאט זיך ניט געטראפן מיט די שפורן פון זיין באלעבאס און אזוי וואלט ער געקענט דערגיין, אין וועלכער זייט איז אוועק ראבין מיט דער טשערעדע.

א גאנצע וואך איז וואולי געשטאנען אויף דעם זעלבן פאסטן און באלד האבן זיינע גרויסע דאגות און די קנאפע דערנערונג באוויזן זייער ווירקונג: וואולי איז געווארן פון טאג צו טאג מאגערער און בייזער. קיינער האט אים ניט געטארט אנרירן און יעדער פרוב אפצורייסן אים פון זיין בעגלאבער באשעפטיגונג, פלעגט אים ארויסברייגען פון די כלים און רייצן ביזן גרעסטן כעס.

א טאג נאך א טאג, א וואך נאך א וואך האט וואולי געווארט אויף זיין באלעבאס—ער איז אבער ניט געקומען. די פאראמשטשיקעס האבן געשעצט די אויסגעהאלטנקייט און טרייאשאפט פון הונט און פלעגן אים ברייגען עסן. די ערשטע צייט פלעגט ער אפווארפן דעם שפייז, ענדלאך אבער פלעגט ער נעמען זייערע גאבן, ניט אפטרעטנדיק פון זיין פאסטן. ער איז

געוועזן פארביטערט קעגן דער גאנצער וועלט. מיט בייזנקענדיקע בליקן האט ער געקוקט אין אלע זייטן האפנדיק צו דערזען זיין געליבטן האר און לערער.

פערצן מאנאטן נאך דעם, ווי וואולי איז געקומען אין אטהילט האב איך זיך מיט אים באקענט—ער איז נאך אלץ געווען אויף דעם זעלבן פאסטן. ער האט באקומען צוריק זיין גוטן אויסזען; זיין שארף-געשניטענער, קלוגער קאפ וועלכער איז געווען איינגעראמט אין א ווייסער, האריקער גריווע, און זיינע שפיציקע אפשטייענדיקע אויערן האבן געצויגן אויף אים די אויפמערקזאמקייט פון יעדן פארבייגייענדיקן. ער האט ארומגע-שמעקט מיינע פיס און, ווען ער האט דערשנאפט אז דאס זיינען ניט די, וועלכע ער האט געזוכט, האט ער זיך טרויעריק אפגע-רוקט, און ניט קוקנדיק אויף אלע מיינע באמיהונגען צו געווינען זיין פריינדשאפט, האט ער מיר ניט געשענקט קיין צוטרוי און איך האב געמוזט אוועקגיין, אזוי ווי אלע אנדערע.

צוויי פולע יאר, האט דער טרייער הונט פארבראכט אויפן ברעג טייך, און הגם זיין אלטער וואוינארט איז געווען ניט ווייט, האט ער זיך פון דארט ניט גערירט. ווי ס'ווייזט אויס, האט ער זיך איינגערעדט, אז זיין צפגאט ראבין וויל—ער זאל דא זיצן.

אפט, ווען ער האט דאס געהאלטן פאר נויטיק, פלעגט ער אריינשפרינגען אין פראם און אריבערפארן הין און צוריק.

א בילעט פאר א הונט, פלעגט קאסטן געוויינטלאך איין פעני, אזוי ארום האט מען אויסגערעכנט, אז אין פארלויף פון די צוויי יאר איז וואולי געבליבן שולדיק דער געזעלשאפט הונדערטער פונטן סטערלינג. [1])

פון דעם אלטן פאסטוך האט מען מער גארניט געהערט. א מאל האט א בריטישניקער פאסטוך אריבערגעפארן דעם טייך מיט זיינע שעפסן, וואולי האט אים, ווי געוויינלאך, ארומגעשמעקט. פלוצלונג איז ער געווארן אויפגערעגט, זיינע האר האבן זיך אנגעשפיצט, ער האט געציטערט מיטן גאנצן לייב און האט שטיל געברומט—דעם מאל אבער איז ער ניט אוועק.

איינער פון די פאראמטשיקעס, וועלכער האט ניט געקענט פארשטיין, וואס דא איז פארגעקומען, האט א געשריי געטאן צו דעם פרעמדן:

—„געדיינק, דו זאלסט ניט טאן קיין שלעכטס אונזער הונט"

—„וואס קען איך אים שלעכטס טאן?"—האט געפרעגט דער פאסטוך—„גיכער קען איך מורא האבן פאר אים."

דער הונט האט געקוקט אויף אים פריינדלאך, דרייענדיק פרייליך מיטן וויידל, דעם ערשטן מאל צייט צוויי יאר.

[1]) 1 פונט סטערלינג—10 רובל.

ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן איז ד אַ ר ל יי דער פאסטוך, געווען ראבינס גוטער באקאנטער, ער האָט פון אים געקראָגן א פאָר שיך און א שניפּס, וועלכן ראבין האט אליין אויסגע־שטריקט. דאס איז געווען גענוג פארן געטרייען הונט. פארלירנ־דיק די האָפנונג צו זען אמאל זיין מאליקן באלעבאָס, איז וואולי אוועק מיט דעם, וואָס האָט געטראָגן די שיך און דעם שניפּס פון זיין אפגאט.

דארליי האט גארניט געהאט קעגן דעם, ער האט מיט־גענומען דעם הונט אויף די בערג ד ע ר ב י ש י ר, און, וואולי איז געווארן צום צווייטן מאל א שאפהונט.

II

מ אַ נ ז אַ ל ט אָ ל איז איינער פון די בארימסטע טאָלן אין ד ע ר ב י ש י ר. דאָרט געפינט זיך אן איין איינציקער, דערפאר אבער בארימטער, שיינק און דער שיינקער, י אָ ס ג ר ע א ט אָ ק ס ע ר, איז געווען א קלוגער דורכגעטריבענער יאָרקשורמאן. די נאטור האָט אים באשטימט פאַר א זעלנער, די באדינגונגען האבן אים געמאכט פאר א שענקער און זיין נייגונג איז געווען צו...—בעסער וועלן מיר דאס פארשווייגן—... גנבות פון חיות זיינען דאך אין דעם געגנט געווען א טאג־טעג־לאכע מעשה.

וואולים נייע היים איז געלעגן אויף דעם הויכלאנד, צו

מזרח־זייט פון טאל, איבער יאס שענק, דארלײַ האט געהאט א קלײַנעם גוט און א גרויסע טשערעדע שעפסן. וואולי האט זײַ געהיט מיט דער זעלבער התמדה, ווי ראבינס שעפסן און פלעגט צום אוונט זײַ ברײַנגען אין שטאל. ער פלעגט זײַן שטענדיק גרייט צום קאמף מיט פרעמדע, וועלכע ער פלעגט אלע מאל פארטרײַבן מיט זײַנע שארפע ציין, פאר זײַן טשערעדע אבער איז ער געווען אן אומפארבײַטלאַכער היטער. ער איז געווען אזוי אויפמערקזאם און טרײַ אז דארלײַ האט ניט פארלארן דעם יאר קיין איין שעפס, הגם זײַנע שכנים האבן געמוזט ניט איינ־מאל צאלן צינז די פוקסן און אנדערע ווילדע חיות.

די דערבישירער טאלן זײַנען ניט געווען גינסטיק צו א געיעג אויף פוקסן; די קרומע וועגן, הויכע שטײַנוואלן, צאלרײַכע הוילמען, אומבאקוועמע ערדלעכער פלעגן צו נישט מאכן אלע באמיאונגען פון די יעגערס. ס׳איז נאר צו באוואונדערן, פארוואס די פוקסן האבן ניט באהערשט דער גאנצער געגנט. פארהעלטניס־מעסיק האט מען זיך ניט געהאט אויף זײַ איבעריק וואס צום קלאגן, ביז עס האט זיך ניט באוויזן אין 1881 יאר אן אלטער דורכגעטריבענער פוקס וואס האט זיך באזעצט אין טאל און אנגעהויבן צו ראמען זיך צווישן די שעפסן ווי א מויז אין א פעטן קעז. ער האט חוזק געמאכט פון אלע יעגערס און געלאכט פון אלע שאפהינט.

נִיט אֵיין מאָל־האָט מען אִים גֶעיאָגט מִיט הִינט און פֶערד און אַלע מאָל פלעגט ער פארשוואונדן ווערן אִין דער טײַוול.



שערלאך, א הײל אין א גרונט—דארט אִיז ער געווען פולקום זיכער. די באפעלקערונג איז געווען איבערצייגט אז דער פוקס שטאמט פון א טײַוול. און ווען א הונט, וועלכער האָט שיר־שיר נִיט געכאפט דעם פוקס איז משוגע געווארן, איז די טײַוול־אפשטאמונג פון פוקס געווארן אָן יעדן צווייפל.

דער בלוטדורשטיקער פוקס פלעגט אנמאכן שרעקלאכע שאָדנס, אזוי אז מען האט אים געקענט חושד זײַן, אז ער פארגיסט בלוט בלויז צוליב שפיל. דער פאסטוך דזשקאבי האט פארלארן צען שעפסן אין איין נאכט, קאראל—זיבן אין דער צווייטער נאכט, שפעטער זײַנען ווידער פארשוואונדן געווארן אלע קאטשקעס פון דעם גלחס סאזעווקע, מיט איין ווארט, עס איז נאך נִיט פארביי קיין איין טאָג, עס זאל נִיט פעלן קיין שעפסן, קיין הינער און אפילו קיין קעלבער.

אין די אלע גנבות און רויבערײַען פלעגט מען חושד זײַן נאר דעם פוקס פון דער טײַוול שערלאך. קיינער האט אים נאך נִיט געזען, עס איז נאר באוואוסט געווען פון זײַנע גרויסע

ברייטע שפורן, אז ער איז געווען אומגעהייער גרויס. מען האט אויך באמערקט, אז דאריא און דאנער—די בעסטען דאקס הינט—האבן בשום אופן ניט געוואלט נאכיאגן די שפורן.

די פויערים פון דער גאנצער געגענט האבן באשלאסן זיך צו פארזאמלען ביים ערשטן שניי אונטער יאם פירונג און ארומ־צווובן דעם גאנצן געגנט, כדי, אויף וואס פארא ס׳איז כשרן אדער טריפהן אופן פטור צו ווערן פון דעם „אומשולדיקן" פיק־סעלע. דער שניי איז דערווייל ניט ארויסגעפאלן און דער רויטן־האריקער, אומדעלער הער האט זיך געלעבט אן קומער. קיינמאל פלעגט ער ניט קומען צוויי נעכט נאכאנאנד אין דעם זעלבן פויערם הויף, קיינמאל פלעגט ער ניט פרעסן דארט, וואו ער פלעגט דער־א־דן און קיינמאל פלעגט ער ניט לאזן קיין שפורן, וואס זאלן קענען פארראטן דעם וועג, וועלכן ער פלעגט זיך אויסקלייבן.

איין איינציק מאל איז מיר געלונגען אים צו זען, דאס איז געווען שפעט ביינאכט, אין א שטארקן שטורעם. איך בין געגאנ־גען פון באקעוועל א היים אין מאנדזאלטאל עס האט אנגעהויבן צו גיין א שטארקער רעגן און איך האב זיך באהאלטן אונטער א דאך פון א שאף־שטאל. פלוצלונג האט א העלער בליץ באלויכטן דעם געגנט. אין דעם ליכט פון בליץ האב איך דערזען א שרעקלאכן בילד: ביים וועג איז געזעסן א

אומגעהײַער גרױסער פּוקס, װאָס האָט מיר אנגעקוקט מיט גלי־
ענדיקע אױגן, אַרומלעקנדיק זיך דעם מױל. דאָס איז געװען אַלין,
װאָס איך האָב געזען, איך װאָלט דאָס געװיס באַלד פֿאַרגעסן,
אָדער געהאַלטן פֿאַר אַ בילד פֿון מײַן רײַכער פֿאַנטאַזיע, צו
מאָרגנס אָבער האָב איך זיך דערװוּסט, אַז פּונקט אין דער
נאַכט זײַנען פֿאַרשװוּנדן געװאָרן 20 שעפּסן פֿון דעם שטאַל.

נאָר אײן טשערעדע האָט ניט געהאַט קײן שום שאָדנס,
דאָס איז געװען ד א ר ל ײַ ס, הגם זײַן טשערעדע האָט געגנעב־
טיקט ניט װײַט פֿון דער ט ײַ װ ל ש ע ר־ל א ך, װאָלי, האָט װי
ס'װײַזט אױס, איבער־געשטיגן אַלע הינט מיט זײַן װאַכזאַמקײט.
אַן אױנט נאָך אַן אױנט פֿלעגט ער ברײַנגען זײַן טשערעדע אַהײם
און קײנמאָל האָט ניט געפֿעלט קײן אײנער פֿון זײַנע שעפּסן. מען
האָט געקענט מײנען, אַז דער װילדער פּוקס האָט אַזױ מורא
פֿאַרן העלדישן הונט, אַז ער װאַגט זיך ניט אַפֿילו צו דערנענ־
טערן צו זײַן טשערעדע. אַלע האָבן אים אנגעהױבן צו שעצן און
ער װאָלט געװיס געװאָרן אַ ליבלינג פֿון אַלע פּאַסטוכער, װען
ער װאָלט ניט װערן טאָג־אױס־טאָג בײזער און בײזער. ליב האָט
ער געהאַט נאָר דעם באַלעבאָס און זײַן טאָכטער ה ו ל ד א —
אַ יונגע שײנע מײדל. צו די איבעריקע מיטגלידער פֿון ד א ר ל ײַ ס
משפּחה איז ער געװען גלײַכגילטיק, די רעשט װעלט,— מענשן
און הינט, האָט ער געהאַסט.

ווי בײַ וואולי איז גיװען פאר דער וועלט, איז ער אלע מאל געווען אויסערגעוויינלאך גוט און טריי צו דארלײַם שעפסן. ניט איין שעפס האט אים געהאט איר לעבן צו פארדאנקען. מען האט פון זײַנע העלדישע מעשים דערציילט וואונדערבארע געשיכטעס: ניט איין מאל פלעגט א שעפס אדער א לעמעלע ארײַנפאלן אין טײַך און וואלט געוויס דערטרונקען געווארן, ווען ניט וואולי. זײַן שארפע אויג האט אמאל אנטדעקט אן אדלער, וואס האט געשוועבט איבערן זומפ און זײַן ווילדע דרײַסטקייט האט פארטריבן דעם מלך פון די פויגל אויף שטענדיק פון דער געגנט.

III.

דער ערשטער שניי איז ארויסגעפאלן שפעט אין דעצעמבער. די פויערים האבן, ווי פריער, געצאלט צינז דעם געהיימניספולן טײַוולשן פוקס. די אלמנה געלט האט פארלארן איר גאנץ פארמעגן—א טשערעדע פון צוואנציק שעפסן, איר שכן — א פאר צענדליק שעפסן, און באלד צו מארגנס גאנץ



באגינען זײַנען ארוים אלע פויערים מיטן שײַנקער יאס אין דער שפיץ אויפצוזוכן אין שניי

די שפורן פון דעם רוצח, מיט גע־
וועד אין די הענט זיינען אלע גע־
גאנגען נאך די פארדעטערישע
שפורן אין שניי, וואס האבן זיך גע־
צויגן פון דער אלמנהס שטוב. דאס
זיינען געוועזן שפורן פון אן אויסער־
געווייגלאך גרויסן פוקס. פון אנ־
הויב האט מען די שפורן לייכט דער־
קענט, ביים טייך אבער איז דער
שפור פארשוואונדן, ווארשיינלאך
איז די חיה אריינגעשפרונגען אין
טייך. אלע זיינען אריבער אויפן
צווייטן זייט טייך. דא האט מען
אבער א לאנגע צייט קיין שום שפורן
ניט געפונען, אזוי זיינען זיי געגאנגען
אין דער לייננ פון טייך גלייך מיטן
שטראם, ביז זיי האבן
געפונען נייע שפורן אין
דעם ארט, וואו דער
פוקס איז ארויסגעשפרונ־
גען פון וואסער. פון



דאַנען איז דער שפּור געגאַנגען ביז אַ הויכן שטיין, וואָס איז געווען פאַרשאָטן מיט שניי, ווײַל אָבער דער ווינט האָט אַראָפּגעבלאָזן דעם שניי האָט מען ווידער ניט געקענט דערקענען די שפּורן די יעגער זײַנען ווײַטער געגאַנגען, אָבער ווען די שפּורן האָבן זיך געקרייצט אין דעם ווײַסן שניי צווישן געמויערטע הײַזער און צווישן אַ שאָסיי האָט מען זיך צוטײלט אין די מיינונגען, איינִיקע האָבן פאַרזיכערט, אַז דער פוקס איז געלאָפן אויף רעכטס, די אַנדערע ווידער—אויף לינקס. ענדלאַך האָט יאָס איבערגעריסן די מחלוקת און נאָך זוכענישן האָבן זיי געפונען אַ לאַנגן שפּור, וואָס האָט געפירט אין אַ שאָף-שטאַל. ניט טוענדיק די אײַנוואוי־נער קײן שום שלעכטס איז דער פוקס אַרײַנגעטראָטן אין דאַר־לײַם פאַרמע.

צוליב דעם גרויסן שניי האָט דאַרלײַ דעם טאָג ניט אַרויס־געטריבן די טשערעדע אויף פּאַשע און וואָליע איז געלעגן אומ־באַשעפטיקט אויף דער זון. ווען די פייערים האָבן זיך דערנענ־טערט האָט דער הינט אָנגעהויבן בילן און איז אַוועקגע־לאָפן אין שאָף-שטאַל.



יאָב איז צוגעגאַנגען דעם הויף און דערזעענדיק וואָליס בייזן שפּור אין שניי האָט ער אויסגעשריען:

— „חברים, דעם פוקס

האבן מיר ניט, דארט אבער לויפט דער אמתער מערדער!"

אלע פויערים זיינען געבליבן שטיין פארוואונדערט; א טייל האבן צוגעשטימט, אנדערע האבן געמיינט, אז מען דארף זיך אומקערן און נאכיאגן די שפורן אויפסניי.

אין דער זעלבער רגע איז ארויס פון שטוב דארליי.

—„הער אוים גוטער ברודער",—האט געזאגט יאס—, דיין הונט האט די פארגאנגענע נאכט געקוילעט אלע שעפסן פון דער אלמנה ג ע ל ט, און איך צווייפל, אז דאס זאל זיין זיין ערשטער מארד".

—„וואס?" — איז דערשטוינט געווארן דארליי, — „ביזט פון זינען אראפ? איך האב נאך קיינמאל ניט געהאט קיין בעסערן הונט. ער איז גרייט פאר א שעפס צו גיין אין פייער און אין וואסער".

—„יע, יע!"—האט געמורמלט יאס—ער האט דאס יעני באוויזן די לעצטע נאכט".

די שכנים האבן דערציילט דארליי'ן אויספירלאך פון זייער אויספלוג, קיינער אבער האט אים ניט געקענט איבערצייגן. דארליי האט געשוואר, אז וואולי איז ניט שולדיק און אז צוליב קנאה האבן זיך די פויערים צוגויפגערעדט אוועק צונעמען פון אים דעם געטרייען און קלוגן הונט.

—„וואולי שלאפט אלע מאל אין קיך און גייט ניט ארוים

ביז ער דאַרף ניט אַרויסטרייבן די טשערעדע אויף דער פאַשע.
איך האָב אים שוין בײַ זיך א גאַנצן יאָר און די גאַנצע צײַט
דינט מיר דער הונט זייער געטרײַ, והראיה, קיין איין שעפּס איז
נאָך בײַ מיר ניט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן".

דאַרלײַ איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער אויפגערעגט, פֿאַר=
טײַדיגנדיק דעם גוטן נאָמען און לעבן פון הונט. יאָס און
זײַנע חברים האָבן זיך אָבער צוהיצט. צום גליק איז הולדאַ
אַרויס פון שטוב און האָט זיי באַרויִקט.

— „טאַטע," — האָט זי געזאָגט ווען מען האָט איר אַלײן
דערציילט, — איך וועל הײַנט בײַנאַכט שלאָפֿן אין דער קיך, אויב
וואָלף וועט פרובן אַנטלויפן, וועל איך דאָס געוויס זען און
כ׳וועל אים געוויס פֿאַרהאַלטן, אויב אָבער כ׳וועט אין דער נאַכט
בײַ אונדזן פֿאַרפאַלן ווערן אַ שעפּס, וועט דאָס זײַן דער בע=
סטער באַווײַז אַז וואָלף איז אומשולדיק".

אַלע האָבן אײַנגעשטימט אויף דעם פּרוב און באַשלאָסן,
צו וואַרטן ביז מאָרגן.

אין אָוונט האָט זיך הולדאַ אויסגעבעטן אויף דער באַנק
אין קיך און דאָרט זיך אויסגעלייגט. וואָלף איז, ווי געוויינלעך
געשלאָפן אונטערן טיש. אַ פּאָר שעה זײַנען אַריבער. וואָלף האָט
זיך אומרויִק באַוועגט, דערוועקנדיק אָבער הולדאַן האָט ער זיך
ווידער געלייגט. באַלד אָבער איז ער ווידער אויפגעשטאַנען, האָט



וואָלי באַטראַכט הוּלדאַן צוּ זי שלאָפט.

אַ קוק געטאָן אויפֿן נידעריקן פֿענסטער און אויף דער מיידל, וואָס האָט זיך געמאַכט שלאָפֿנדיק. הולדא איז געלעגן רואיק מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און געאָטעמט פּונקט ווי אין אַ חלום. וואולי האָט זיך שטיל און פּאַמעלאַך צוגערוקט, האָט איר שאַרף אָנגעקוקט און האָט געשנופּט גלייך איר אין פּנים אַריין, זי האָט זיך נים באַוועגט. ער האָט איר אַ לעק געטאָן פֿאַרזיכטיק אין באַק און אָנשפּיצנדיק שאַרף די אויערן מיטן קאָפּ אָן אַ זייט האָט ער זי אויפֿמערקזאַם באַטראַכט. זי איז אָבער רואיק געשלאָפֿן. דאַמאָלסט איז דער הונט צוגעלאָפֿן צום פֿענסטער, אַרויפֿגעשפּרונגען אָן שום גערויש אויפֿן טיש, האָט אַריינגעשטעקט זיין נאָז צווישן די ראַמען פֿון פֿענסטער און האָט אים אויפֿגעהויבן אַזוי הויך, אַז ער האָט געקענט דורך דער עפֿענונג אַדורכקריכן. דערנאָך איז ער לאַנגזאַם אַרױפֿגעשפּרונגען, אַראָפּלאָזנדיק געשיקט דעם פֿענסטער אונטער זיין רוקן און עק. ס'איז קענטיק געווען אַז ער האָט זיך לאַנג געמוזט איבן כּדי צו דערגרייכן דעם קונץ. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין דער פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט.

הולדא האָט זיך צו דעם אַלעם צוגעקוקט איבערראַשט. זי האָט געוואַרט אַ ווײַלע און ווען זי איז געווען זיכער, אַז דער הונט האָט זיך דערווייטערט איז זי אויפֿגעשטאַנען און האָט געוואָלט רופֿן דעם פֿאָטער. זי האָט זיך אָבער מישב געווען און

# אין פרעסע אר

באשלאסן צו ווארטן ביז דער הונט וועט קומען, זי האט צוגע־ווארפן נאך האלץ צום פייער און האט זיך ווידער אוועקגעלייגט.

א שעה נאך א שעה איז פארביי־



און הולדא איז געלעגן שטיל, איינהערנ־דיק זיך צום טיק־טאק פון אלטן וואנט־זייגער און ציטערנדיק ביי יעדן גערויש.

צו האט ווירקלאך דער הונט גע־קענט דערמארדן די שאף פון דער אלמנה? ער איז דאך אזוי געטריי צו זיין אייגענער טשערעדע. ווי קען עס זיין, ער זאל דערמארדן אנדערע שעפסן?

דער זייגער האט לאנגזאם אוים־געקלאפט צוויי מאל. פלוצלונג האט הולדא דערהערט א לייכטן גערויש אין פענסטער און די הארץ האט איר אנ־געהויבן צו קלאפן אין א געשפאנטער דערווארטונג. דער פענ־סטער האט זיך געעפנט און וואולי איז שטיל אריינגעשפרונגען אין קיך.

ביים שוואכן שיין פון אויוון האט הולדא באמערקט עפעס א פרעמדן, ווילדן פייער אין וואוליס אויגן און זיין שניי ווייסע ברוסט איז געווען באשפריצט מיט פרישע בלוט. דער הונט האט

איינגעהאלטן דעם אטעם און האט באטראכט דאס מיידל און ווען ער האט דערזען אז זי רירט זיך ניט האט ער זיך אוועקגע-לייגט אויף דער ערד און האט אנגעהויבן צו לעקן זיין פרוסט און זיינע לאפעס מורטשנדיק שטיל, ווי ער וואלט זיך דערמאנט אן א געשמאקער סעודה.

הולדא האט שוין געגוג געזען, כדי אלץ צו פארשטיין.

יאס איז געווען גיערעכט. דער געהיימניספולער, טייוולשער פוקס איז געלעגן ביי איר׳ע פיס. זי האט ניט געקענט באהערשן דעם געפיל פון עקל און שרעק. זי איז אויפגעשטאנען, האט אנ־געקוקט וואולין גלייך אין די איגן און האט אויסגערופן:

—„וואולין, וואולין, איז דאס מאקע אן אמת, דו מיאוסער רוצח!״

איר ציטערדיקע שטימע האט אפגעקלונגען אין דער שטיל־קייט פון דער נאכט. וואולין איז פארשטארט געווארן, ווי פון א בליץ געטראפן, ער האט געווארפן פארצווייפלטע בליקן אויפן פארמאכטן פענסטער, זיינע אויגן האבן געפינקלט, זיינע האר האבן זיך אנגעשפיצט, אבער אונטער הולדאס פעסטן בליק האט ער זיך צונויפגעדרייט און געקראכן איף דער ערד, פונקט, ווי ער וואלט געוואלט בעטן מחילה. פאמעלאך האט ער געקראכן נאנט און נענטער, ווי ער וואלט וועלן לעקן איר׳ע פיס. ווען ער

איז שוין געווען נאַכט לעבן איר האָט ער שטיל אויפגעשפּרונגען מיט אַ כּעס פון אַ טינקער גלייך אויפן האַלז פון דער איבערגע-שראָקענער מיידל.

דאָס איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַז הולדא האָט קוים באַוויזן זיך צו פאַרשטעלן מיט די הענט. דער הונט האָט אריינ-געשטעקט זיינע ווייסע, שאַרפע ציין אין איר אָרעם און האָט געביסן.

— „גוואַלד, גוואַלד, טאַטע, טאַטע!“ — האָט געשריען הולדא.

וואולי איז געווען אַ לייכטע משא. אין אַ רגע איז איר געלונגען אים אַראָפּשלײַדערן פון זיך. זיין מיין איז אָבער קלאָר געווען. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן: עס איז געגאַנגען אין זיין לעבן אָדער אין הולדאַס.

— „טאַטע, טאַטע!“ — האָט געקלונגען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

דער געלער טײַוול האָט זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן און געריסן די הענט, וואָס האָבן אים ביז אַהער געגלעט און געשפּייזט, אומזיסט האָט הולדא געפּרובט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם הונט, ער איז צוגעפאַלן צו איר האַלז, שוין-שוין האָבן זיך זיינע ווייסע באַק-ציינער פאַרטיפט אין איר צאַרטן לייב... אין דער רגע איז אַריינגעפאַלן דאָרליי.

וואולי האָט אַרויסגעלאָזן די מיידל און האָט זיך געוואָרפן

מיטן זעלבן אימפעט און צארן אויף זיין באלעבאס ביזנדיק אים די הענט.

באפרייענדיק איין האנט, האט דארליי געכאפט מיט דער צווייטער האנט א האק, וואס איז ניט וויים געלעגן און האט דערלאנגט א קלאפ דעם הונט אין קאפ אריין. וואולי איז גע־פאלן, נאך א קלאפ און מיט א צושמעטערטן שארבן איז וואולי געבליבן ליגן נעבן אויוועלע.

אין א ווײלע ארום האט וואולי, דער קלוגער, פיאיקער, דרייסטער, געטרייער און—פארדעטערישער וואולי ארויסגעלאזט דעם לעצטן אטעם אין אנטשוויגן געווארן אויף אייביק.



# ביאליסטאקער פארלאג „דאס בוך“.

ס'איז ארויס פון דרוק:

ערנעסט טאמפסאן-סעטאן

## דאס לעבן פון די חיות.

איבערגעזעצט דורך סאניע קאנטאר.

1 װילבערפלעק,
2 לאבא,
3 בינגא,
4 קיניגין אנאסטאלאן,
5 צוריסענער אויערל,
6 וואגלי!
7 מוסטאנג דער פאסנייער
8 יאבים-בער
9 דער גאסן-װינגער,
10 דער װילבערגער פוקס

## ביאליסטאקער פארלאג „דאס בוך“.

## ס'איז אַרויס פון דרוק:

1 יעקב פאט. משה (צווייטע אויפלאגע)
2 „ יריחו „ „
3 „ גדעון „ „
4 „ יפתח „ „
5 „ שמשון „ „
6 סאניע קאנטאר. אין דער מלוכה פון מוראשקעס און שוואמען.
7 מאססאן-סעטאן וילבערסלעק, א געשיכטע פון א קרא.
איבערזעצט דורך סאניע קאנטאר.
8 „ לאבא, דער קיניג פון קירומפא
9 „ בינגא, א געשיכטע פון א הונט
10 „ קיניגין אנאסטאלאן, א געשיכטע פון א קאץ.
11 „ דער צורים־ענער אוועדל, א געשיכטע פון א האז.
12 „ וואָלי דער שעפסנהונט
13 „ דער גאסן-ויננער, א געשיכטע פון א וואראביי
14 „ מוסטאנג דער פאסגייער
15 „ יאכים-בער
16 „ דער ווילבערנער פוקס
17 ר. קיפלינג. דער קליינער העלפאנד
18 „ ווי אזוי דער לעמפערט האט באקומען פלעקן
אויף זיין הויט.
19 קאראלענקא אן א לשון, איבערזעצט פון פסח קאפלאן
20 קוק און פירי די אנטדעקונג פון געהיימען פאל,
איבערז. פון קאמינקאווסקי.
21 ס. סעטש א מעת לעת אויפן אינזל ציילאן,
איבערזעצט פון ז. גראססמאן.

## ס'דרוקט זיך:

22 באָוקין ווי אזוי האט מען געבויט היזער אמאל און היינט
23 ס. סעטש סאַבאַרא
24 בעטשאיעוו די אונטערערדישע כחות
25 מיטאנדיע די מארטירער פון דער וויסנשאפט
26 י. גאַרדין פ. לאסאל (ביאגראפיע)
27 לאנגערלויף א רייזע איים געגנ

## ס'גרייט זיך צום דרוק:

28 דיקענס. דאמבי און זון
29 — ראבינזאן קרוזא
30 בימשער סטאו אנקל מאם קעבי
31 בעלשע דער ווילדער מענש

---

מיט באשטעלונגען זיך ווענדן:
**Białostockie Wydawnictwo „Książka“**
Białystok, ul. Sienkiewicza № 19.

Drukarnia Prużańskiego Białystok.